נישט אראָפּ; אייביג טרויערן וועל איך נאָכ'ן דיאדעם...

און צי מיר דעם אויסגעשטראַלטן מאַנטל נישט אראָפּ; פאַר־צייַ דעם שוואַכן גלות קינד—דער שוואַלב פון טאָל...

---

געשלאָסן זייַנען די געבענטשטע אויגן — פאַרשוואונדן איז דער כשוף פון דער שטילער נאַכט... צוריק פאַרלאָשן איז מייַן נשמה; פאַרציטערט הילט זי זיך צוריק אין אירע שאָטן איין, און די ניי־אויפגעשפּראָצטע בלומען אין האַרץ וועלקן אָפּ און שטאַרבן...

צערונען איז דער זילבער־פליסנדיגער כשוף פון דער נאַכט־געבענטשטער נאַכט; די קראַפט, זי אויף הויכע בערג צו טראָגן, האָט מיר גאָט פאַרזאָגט!

ער האָט זיך אויף מיר נישט דערבאַרעמט; נישט פאַרגעבן מייַנע זינד...

שטוב, אָן סטרונעס, ליגט די האַרפּע; דאַר און אָפּגעשיילט דער וואַנדער־שטאָק...

שלאָף זיס, ליכט־שטראַלנדיג קינד פון טאָל; זיסע, שטילע חלומות אויף דייַן קעפּעלע, און פאַרצייַ!

פאַרצייַ דעם וואַנדערער, וואָס האָט דיך אויפ'ן וועג געטראָפן און בענקשאַפט אין דייַן שטילן האַרץ פאַרזייט...

---

עס בלייכט זיך די נאַכט, עס לעשט זיך א שטערן נאָך א שטערן — —

שטיל ציטערט די נאַכט — —

גאָט האָט איר אומפּרוכטבאַרע שויס געבענטשט; זי האָט א גאָלדענעם שטראַל געבוירן; עס רויטלט זיך דער מזרח־זוים...

אויף די פרישע פרימאָרגן פלינל שווימט א הימליש־זיסער האַרפן־קלאַנג; א בשורה פאַר דער וועלט: געבוירן ווערט דער טאָג...

אויפפלאַמען, אויפפלאַקערן וועט דער נייער טאָג, און וועט

אויסלייזן די וועלט, די פארמאטערטע וועלט—נאָר—נישט מיך!

אויף מיר וועט זיך נאָט נישט דערבארעמען, נישט פארגעבן מיינע זינד, און נישט אויסלייזן פון טויט און זיינע שרעקן!

נעם, וואנדערער, דעם וואנדער־שטאָק און גיי...

מיט א נייער וואונד אין הארץ, מיט א נייעם וויי...

עס זיינען קיין וואונדער געשען...

———————

# דער זיווג

## אָדער

## שרה בת טובים.

און די מעשה, וואָס איך וועל איצט דערציילן, איז אַן אויס־טערליש־וואונדערלעכע מעשה, און — אַן אמת גמור. זי איז אין קיין ספר נישט געדרוקט, אין קיין קהל'שן פּנקס נישט פאַרשריבן; איך האָב זי בקבלה איש מפּי איש און שטאַמט פון אַ גרויס אָרט...

און געשען איז די מעשה פאַרצייטנס, ווען עס זיינען נאָך אַזוי פיל שטעט און דערפער נישט געווען; אַ וועלט מיט „וואַלד־אויס, וואַלד־איין", און געטראָפן האָט זיך עס אין מעהרען דער מדינה, אַ אידישע קהלה איז זעלטן, משפחות־ווייז אין דער דערפער פאַר־זייט, אין וועלדער צעשפּרייט, אָן תורה, אָן תפלה בצבור, אויסער ימים נוראים, ווען מען ציט מיט קינד און קייט אין די ווייטע שטעט אריין.

זיצט זיך דעמאָלט אַ איד אַ שווייגער ביי'ן אַ גראַף אין אַ דאָרף; פּרנסה רינט איבער'ן מויל.. 500 קי מעלקט ער דעם גראַפ'ס; זיינע אייגענע אויך אַ ביסל. האָט ער אַ פולן קעלער מיט פּוטער און קעז, אַ בוידעם מיט תבואות, פלאַקס און פעלעכ־לעך, און דער טייסטער אין בוזעם וואַקסט אין דער דיק, און דאָס קניפּל ביי דער שווייגערין באַזונדער, און אַ זון וואַקסט אַ געזונ־טער, אַ וואוילער, ווי אַ יונגער בוים אין וואַלד.

און פונדעסטוועגן, איינמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט, זיצט דער שווייגער ביי'ן אַ וועקסן־ליכט ביים טיש איבער די חשבונות, מיט דער שפּיץ ווייסלעכער באָרד צווישן די ציין, דער שטערן געראָנצלט,

ווי פון שווערער זאָרג, און קוקט מיט פאַרנעפּלטע אויגן אין פענצ־טער אריין...

— דו זינדיגסט, מיין מאַן! — וועקט אים פון די געדאַנקען דער שוויינגעריג'ס קול. פון דער צווייטער שטוב איז זי אריינגע־קומען, צום שלאָפנדיגן זון געקוקט, און איר פּנים שטראַלט.

„הערסט, איבערגעבויגן האָב איך זיך איבער אים... די בעקע־לעך רויטלען זיך, ווי א פרישער פרימאָרגן און דער אָטעם איז רואיג און שטיל, און שמעקט נאָך פרישע עפּל...״

— דאָס איז טאַקע מיין זאָרג, — ענטפערט דער שוויינגער, — מען וואוינט אין א דאָרף, ווייט פון א אידישער קהלה, און יאָרן ציען. יאָרן פליען, וואו נעמט מען א שידוך פאר אונזער זון, ווי אזוי וועט מען אים פאר'קנס'ן?

— גאָט וועט העלפן, — טרייסט די שוויינגערין, — ער האָט ביז אהער אונז נישט פאַרלאָזט...

— אָט דאָס איז עס טאַקע, — מאַכט דער שוויינגער, — גאָט'ס הילף דאַרף מען, און אין וועלכן זכות? קיין יודע ספר בין איך נישט, לערנען לערן איך נישט, צווישן אידן וואוינט מען נישט, נאָר איין מצוה קאָנען מיר מקים זיין—הכנסת־אורחים הייסט די מצוה—און זע!—ער ווייזט איר מיט'ן בליק צום פענצטער־צו—איז אָנגעפאַלן א שניי פון הימל, א גרויסער שניי, האָט ער די שטעגן פאַריאָגט, די וועגן פאַרשאָטן, און טעג און אפשר וואָכן, וועט קיין אורח איבער דער שוועל נישט קומען...

הויבט ער זיך אויף, און גייט ארויס, זען, וואָס אין דרויסן טוט זיך. זי נעמט זיך די בעטן צורעכט צו מאַכן, זוימט ער זיך אָבער צו לאַנג, ווערט איר אומעטיג, לאָזט זי אָפּ דאָס בעטגעוואַנט, גייט צום פענצטער צו און פּויקט מיט די דיקלעכע פינגער אין דער שויב צום מאַן ארויס.

איז אָבער די שויב געפרוירן, קלינגט זי העל נישט אָפּ; כאַפּט זי די שאַל אויף זיך, און גייט נאָך דעם מאַן פאר דער טיר. זעט זי, אז דער מאַן, וואָס הערט נישט אירע טריט און קערט זיך נישט אום, שטייט פאַרקוקט אויפ'ן וועג פון וואַלד ארויס. קוקט זי אים, פאַרוואונדערט, נאָך. זעען זיי ביידע צוזאַמען, ווי איבער'ן פאַר־

שיטן וועג פון וואלד נייט א נעשטאַלט א ווייבערישע, אין א הויב א הויכע, אין א טערקישער שאַל. און די שאַל איז איבער די אקסל נאָר פאַר שיינקייט וועגן פאַרוואָרפן, גלייך א לינדע זומער־נאַכט; נישט איינגעוויקלט איז זי אין דער שאַל, פריי פליען רעכטס און לינקס די עקן פון איר, גלייך זיי וואָלטן אירע פלינל געווען... און נישט זי נייט אין שניי, זי שווימט איבער'ן שניי, קיין פוס פאַלט נישט איין, לאָזט קיין צייכן איבער.

קוקן זיי אזויביידע פאַרגאַפט, ביז די נעשטאַלט קומט צו צו זיי און פרעגט, צי קען זי נישט רוען א שעה ביי זיי אין שטוב...

קומט דאָס פּאָר־פאָלק א ביסל צו זיך, קוקן זיך איבער, פירן מיט גרוים פרייד דעם ווייבערישן וואונדערלעכן נאַסט אין שטוב אריין, גאָט האָט זיי א גאַסט באַשערט! און ווילן וועקן דעם משרת, הייסן מאַכן וואַרעמס א גלעזל; און די שוויינערין לויפט־צו צו דער שאַנק און עפנט זי ברייט און וויל אַרויסנעמען פון שענסטן און בעסטן עסן און טרינקען, און איינגעמאַכטס, און זיסן בראָנפן א ביסל. דער אויסטערלישער גאַסט זאָגט אָבער: ניין! זי וועט גאָרנישט פאַרזוכן, גאָרנישט טועם זיין, אַז זי דאַרף נישט, נאָר אָפּרוען וויל זי זיך א ביסל, זי גייט אין א נויטיג שליחות... נים זיך די שוויינערין אונטער, צינדט אָן נאָך א וועקסן ליכט, פירט דעם גאַסט אין א באַזונדער חדר אריין; ווייזט אָן אויף א גרויס בעט, אויף בעטגעוואַנט ווי שניי, קישנס פּוכענע, א לייכט וואַרעם איבערבעט... און ווילט איר נישט עסן, נישט טרינקען, שלאָפט אייך געזונטערהייט.

שלאָפן אָבער, זאָגט די געשטאַלט, וועט זי נישט, נאָר אָפּרוען א ביסל, ווייל זי האָט נאָך א ווייט שליחות. און אַז די שוויינערין וויל זי איבערלאָזן אין שטוב, האַלט זי זי איין און פרעגט, וויפיל עס קומט פאַר'ן חדר, וואָרום אַוועקגיין וועט זי שטיל, און וויל קיינעם נישט וועקן, וויל זי איבערלאָזן נעלט.

שפרינגט די שוויינערין אָפּ טיף נעקרענקט: קיין געלט נעמט זי נישט, אויף קיין פאַל נישט... דאָס איז דאָך די איינציגע מצוה, וואָס זיי קאָנען מקיים זיין אין דאָרף; אין דעם זכות נאָר העלפט

זיי דאַך גאָט, און וועט—ניט זי מיט גרויס בטחון צו — ווייטער העלפן!

צעשמייכלט זיך די געשטאַלט און פרעגט:

— פעלט אייך עפּעס דען? האָט איר נאָך א בקשה צו גאָט?

— חס ושלום!... מ׳זע׳מיר, ברוך השם, איך און מיין מאַן געזונט, און אונזער זון, זאָל לעבן, אודאי... און פרנסה, ברוך השם, איבער׳ן מויל... נאָר וועגן א זווג גייט...

און זי דערציילט וועגן איר זון, וואָס ווערט 17 יאָר אלט... און מען וואוינט אין א דאָרף, צו׳ן א קהלה איז ווייט...

— און וואָס טוט איר דערצו?

— מען האָפט צו גאָט, מען בעט זיין ליבן נאָמען... דער מאַן אויף זיין לשון, זי אויף איר לשון... אלע געבעטן בעט זי אויס, אלע תחנות קאָן זי אויסוועניג כמעט, שרה בת טובים׳ס אלע זיסע, הארציגע תחנות... נאָר איינע, דער עיקר, האָט זי שוין מיט טרערן דורכגענעצט, די זווג־תחנה...

— גאָט וועט העלפן, שמייכלט די געשטאַלט... איך בין זי־כער, שמייכלט זי... א סימן האָט איר, קיין געלט פאַר׳ן חדר ווילט איר נישט, גיב איך אייך א מתנה פאַר אייער זונ׳ס כלה וועגן...

אזוי זאָגט זי עס, און נעמט דערביי פון אונטער דער טערקי־שער שאַל די מתנה אפּער: א פּאָר גאָלדענע פּאַנטאָפּעלעך מיט פּערעלעך באַנייט... בליצט עס אין דער שוויגערינ׳ס אויגן, שטופּט איר די געשטאַלט די פּאַנטאָפּעלעך אין דער האַנט אריין און זאָגט:

— „א מתנה פון שרה בת טובים״, און פאַרשווינדט...

און אז דער שוויגער האָט זיך נישט געקאָנט אויפ׳ן ווייב דער־וואַרטן, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר און נישט באַקומענדיג קיין ענטפער, דערשראָקן די טיר געעפנט, זעט ער, דאָס ווייב שטייט אליין אין מיטן שטוב מיט אָן אָפן מויל, אויסגעגלאָצטע אויגן און גאָלדענע פּאַנטאָפּעלעך אין דער האַנט.

---

.2

אין דערזעלבער צייט, אין דערזעלבער מדינה מעהרען, נאָר

מיילן, מיילן ווייט פון שוויינגער, און נישט וויסנדיג פון שוויינגער, האָט אין א טיפן וואַלד א איד געוואוינט, א קוילן־ברענער. האָט א שטיבל אין וואַלד און אן אויוון געדונגען, אויך ביי׳ן א גראף. נאָר דער איד איז אן אָרימער געווען און א שווערע פרנסה געהאַט: זאַמלען דאָס אָפּגעפאַלענע פון בוימער, זומער — אָפּגעדאַרטע צווייגן, ווינטער—קאָרע געפּלאַצטע פון פראָסט און נאָך יעדן געוויטער—דאָס אָפּגעהאַקטע פון דונער און אָפּגעריסענע פון ווינט, און טראָגן צום אויוון און אויף קוילן פאַרברענגען — קומט ער פאַרנאַכט אהיים א מידער, א שוואַרצער... האָט אים אָבער זיין ליבער נאָמען א זיס טעכטערל באַשערט (דער איד איז אן אַלמן געווען), קומט זי אים אנטקעגן מיט פרייד, און העלפט אים וואַשן און אויבערטאָן און גיט אים צו עסן און צו טרינקען און מאַכט אים פיין דאָס געלעגער צורעכט...

און קאָן ער נישט איינשלאָפן, — און, זייט ער איז אן אַלמן געוואָרן, טרעפט זיך עס אים גאַנץ אָפט — צינדט זי א קינדל אָן, אָדער, ווען קלאָרע נעכט, שטעלט זי זיך געגן דער לבנה צום פענצטערל, און לייענט הויך אירע „הייליגע" ספרים אויף „עברי־טייטש", די מוטער האָט זי אויסגעלערנט, די ספרים בירושה געלאָזט: צאינה וראינה, סבֿ־הישר, תחנות פון שרה בת טובים... לייענט זי אים הויך... ער, א פּראָסטער איד, הערט זיך איין, ביז די אויגן קלעפּן זיך אים צו, דאַכט זיך אים, אַז י ע נ ע לייענט, די מוטער לייענט, און ער שלאָפט רואיג איין, איינגעוויגט פון זיסן קול און די ווערטער די הייליגע...

קומט איר אַמאָל א זייער האַרץ־ווייכיגע תחנה אין דער האַנט אריין, א תחנה, וואָס א מאַמע זאָגט, ווען זי בעט זיין ליבן נאָמען ווענן א זווג פאַר א קינד...

„און זע, ליבער, האַרצינגער גאָט, פאַר מיין ליבער, האַרציגער טאָכטער זוענן א זווג, א זווג א כשר׳ן"... הויבט דאָס מיידל אָן צו פאַרשטיין, ווענן וואָס עס גייט, האַקט זי אָפּ און וויל אן אנדער תחנה נעמען, בעט זיך דער פאָטער:

— ניין, טאָכטער לעבן, ניין... ווייטער לייען... גיב מיר די הייליגע ווערטער אין מויל אריין, לאָ׳מיך בעטן ביי גאָט פאַר דיר...

א הארץ האָב איך, טאָכטערשי, א פולס, נאַר, א איד א פּראָסטער, קיין ווערטער האָב איך נישט...

מוז זי פּאָלגן און לייענט ווייטער און־ווייטער, ווי שמעקנדיגער בוימאייל גיסט זיך די תחנה, לאַנג איינגעשלאָפן איז שוין דער פאָטער — זי מערקט עס נישט, ער שנאָרכט — זי הערט נישט און לייענט... און פּלוצלונג וועקט זיך אויף א נישט פארשטאַנען בענקעניש אין דעם מיידל׳ס הארץ, די יתומה׳שע נשמה האָט זיך צו עפּעס פארבענקט... עס קלאַפּט דאָס הערצל־קליין, פייכט און נע־פעלדיג ווערן די אויגעלעך פארדעקט, די ריין־קינדעריש בלאָע, און דאָס קול׳כל ציטערט און ציטערט און ווערט פון באַהאַלטענע טרע־רען פייכט...

און אין מיטן — עפנט זיך די טיר און אין איר באַווייזט זיך א וואונדערלעכע געשטאַלט... אין א הויב א הויכער און א טער־קישער שאַל, די אויגן לייכטן אַזוי לייטזעליג זיס, אַז דאָס איינ־געשרומפּענע פּנים׳ל שטראַלט.

— טאַטע !—וויל זי דעם פאָטער וועקן. לעגט אָבער די אַל־טע א פינגער איבער די לעפצן, ווערט דאָס מיידל שטיל, בלייבט זי, ווי אין א פאר׳כשופ׳טן חלום שטיין. און די אַלטע גייט־צו צום טיש און זעצט זיך, און שטרעקט אויס די האַנט און ציט דאָס מיידל זיך צום הארצן צו...

— שרעק דיך נישט מיידעלע, — זאָגט זי — שרה בת טובים בין איך... מיינע תחנות האָסטו געלייענט... און עס איז א שטי־לע נאַכט, האָב איך אין מיין שטילער רו דיין זיס קול געהערט, בין איך געקומען צו דיר און האָב דיר א מתנה געבראַכט...

און נעמט פון אונטער דער טערקישער שאַל די מתּנה אַפער :

— זע, ליב קינד... אָט, סאַמעט געשווירענער א שטיק... אויף א בייטעלע צונעשניטן... און פעל, אַלערליי קאָלירן זיידענע פול, צום אויסנייען, דאָס בייטעלע... און פעדים נאָך דערצו זיל־בערנע, און גאָלדענע אויך א ביסל, און פליטערלעך דערצו, אויך זילבער און גאָלד... און אַזוי זעסטו נייט מען, טעכטערל, און אַזוי ווערט געשטיקט... האַלט די נאָדל פעסט, לויף מיט די פינגערלעך נעשיקט... זעסט א מגן־דוד׳ל נייט, און אָט בליען בלימעלעך

ארוים... פרישע, ווי אין וואלד אין זומער־צייט... א תפילין־בייטעלע ניי, א מתנה מאך, פאר דיין באשערטן א מתנה, ווי דיין ליבע מאמע האט דיין ליבן טאטן געשענקט...

און די אלטע לערנט, און דאס מיידעלע שטיקט און העפט...

און אז דער פרימארגן בליט, כאפט זיך דער פאטער אויף, די טאכטער זיצט אליין אין שטוב מיט א תפילין־בייטעלע אין די הענט, סאמעט, זילבער און גאלד...

---

.3

און אז דעם שווינגער'ס זון איז אלט געווארן 17 יאר, האט מען אים ארויפגעזעצט אויף א וועגעלע און געשיקט אין דער וועלט אריין זיך א כלה זוכן צו שרה־בת־טובים־פאנטאפעלעך...

פארט ער וואלד־ארים, וואלד איין, איבער דערפער און שטעט, כלה־מיידלעך ווי זאמד און ערד — קיין איינער פאסן די פאנטאפעלעך ניט...

פארט ער א יאר, פארט צוויי, נישטא און נישטא, פארלירט ער די אמונה דערין, קערט ער אהיים; ער וועט טאטע־מאמע זאגן: ס'איז א חלום געווען, אזוינע פיסעלעך קליינע זיינען נישט פאראן...

פארט ער אהיים און פארט, און פארט פון וועג אראפ, און פארבלאנדזשעט אין א וואלד, דעמבעס מיט דעמבעס, ריזן ביי ריזן שטייען, נישט אויס און נישט איין. בלייבט ער שטיין, פרייטאג איז, די זון נייט אונטער און לאזט זיך, א פייערדיגע קויל, אלץ טיפער און טיפער אראפ, דער אוונט פאלט צו — שטעלט ער זיך „שיר־השירים" זאגן, און גייט שיר־השירים זאגנדיג, אין וואלד ארום, האלט זיך נאר פון וועגעלע נישט ווייט, און פון פערד, וואס פאשעט זיך... און שטיל רוישט, ביים אוונט־ווינטל, דער וואלד, גליך ער וואלט אים „שיר־השירים" נאכגעזאגט... און שטיל ווערט און טונקעלער, און פלוצלונג פלאמט צווישן די בוימער א פענצטערל אויף, לויפט ער צו מיט פרייד און קלאפט אן:

— וואוינט דאָ א איד?

— א איד!

א איד קומט פון שטיבעלע ארויס, באַווייזט זיך אויף דער שוועל!

— שלום עליכם, א איד!

— עליכם שלום, — ענטפערט דער יונגער מאַן, — קאָן מען האלטן שבת ביי אייך?

— האלטן יאָ, — ענטפערט מיט א טרויעריגן שמייכל דער איד — נאָר עסן האָב איך נישט וואָס...

— עסן האָב איך, — ענטפערט דער יונגערמאַן — און טרינקען אויך — קומט מיט מיר צום וועגעלע צו, פון אלעם גוטן אָנגעגרייט.

אין א שעה ארום נאָך קבלת שבת זיצן זיי שוין ביידע נאָך קדוש ביים טיש... און זינגען זמירות, און עסן... זעט דער יונגערמאַן, ווי פון יעדן מאכל נעמט דער אלטער און איז קוים וואָס טועם א ביסל, און טראַגט באַלד די רעשט פאַר דער טיר ארויס, מיינט ער, פאַר א קעלבל צי אן עוף... איז ער דאָך נישט אזוי אָרים דער איד, פאַרוואָס האָט ער קיין שבת נישט געמאַכט... א יונגערמאַן, פרעגט ער אים.

זאָגט דער אלטער: ניין, אן אָרימער קוילן־ברענער בין איך... קיין קאַלב, קיין עופות פאַרמאָג איך נישט... נאָר א זים טעכטערל האָב איך, באָרוועס גייט זי, נעבעך, שעמט זי זיך באָרוועסערהייט אין שטוב ארייננצוקומען... זיצט זי און עסט פאַר דער טיר...

נעמט דער יונגערמאַן מיט האַרץ־קלאַפעניש די גאָלדענע פאַנטאָפעלעך פון בוזעם ארויס און גיט זיי דעם אלטן איבער: נייט, מעסט זיי אייער טאָכטער אָן... צי זיי פאַסן, זעט...

קומט דער אלטער צוריק: זיי פאַסן...

---

.4

און ביים רייכן שווינגער איז א חתונה געוועזן... ער האָט מיט'ן

קוילן־ברענער א שידוך געטאָן, און די חופה האָט מען אין שטאָט געשטעלט, און אַז מען איז פון דער חופה געגאַנגען, האָט זיך פּלוצלונג א געשטאַלט באַוויזן, אין א הויב א הויכע, אין א טער־קישער שאַל, א פּנים אַן אַלטס, נאָר אויגן לייטזעליגע און יונגע, און האָט געגן חתן־כלה מיט א קוילימש געטאַנצט...

און נישט אַלע האָבן געוואוסט, ווער דאָס איז...

---

# פדיון שבויים

שיינקייט, מיינט איר, האָט איר אויסגעטראַכט, די פריערדיגע דורות האָבן פון שיינקייט גאָר נישט געוואוסט? און איינגרעדע־ניש! מען האָט פון אייביג אָן געוואוסט, אז די וועלט איז אויך א וועלט, אָבער נישט יעדערער איז זוכה צוביידע וועלטן, און א גרויסער נסיון איז עס; מען גייט אויף א גליטש...

אָט איז אמאָל געווען איינער צמח, נאָך גאָר א יונגערמאן. האָט ער באַקומען א גרויסע ירושה — האָט ער טאַקע געפירט א הויז, אויף אַלע אידן געזאָגט! א פּאַלאַץ אויפגעשטעלט, געמאָלטע דירות, פּריציש מעבל, מיט סאַמעט און זייד געבעט. דילן, ווי שפּיגלען רויטע, עס האָט געבלענדט! און קריסטאַלענע הענג־לייכטער, און קונציג־געבוינענע העסעס אויף די ווענט, און מזוזות אויף די טירן אין זילבערנע, עכט־זילבערנע שיידלעך מיט גאָלד באַפּוצט... און א סוכה האָט ער זיך געשטעלט א געשניצטע, מען האָט געזאָגט: פון פּימסנהאָלץ. אַרום אויף די ווענט — יריעות געהאָפטענע, און אויסגעהאַנגענע מיט אתרוגים, לולבים, גראַנאַ־טען... און אַלע יאָר, לכבוד יום־טוב, פרישע. א הויז — א גן־עדן. און א ווייב האָט ער געהאַט אן אמת'ע יפה־פיה, א יפת־תואר, פאַרטרעטן צו מאָלן... האָט מען אָבער אָן יענער וועלט אויך נישט פאַרגעסן: האָט די יפת־תואר געהאַט איר גרויסע שטוב באַזונדער, האָט זי די שפּיגל־שטוב געהייסן, גרויסע גע־שליפענע שפּיגלען אַרום אויף אַלע ווענט, און אין שטוב זיינען געשטאַנען רעדלעך צום שפּינען, און ראָמען צום שטיקן און העפ־טען; פאַרזאַמלט זי ביי זיך אין שטוב, א פּאָר שעה אין טאָג, אויסער שבתים און ימים־טובים, די יתומות פון שטעטל און לערנט זיי שפּינען פון וואָל און פלאַקס, העפטן און שטיקן מיט

זילבער און גאָלד. זי האָט דערצו א געבענטשטע האַנט געהאַט, א בריה נפלאה געווען, און דערביי א חכמה נפלאה און אן אמת'ע צנועה, פלעגט זי זיי ביים לערנען אויך מדריך זיין, גוטע רייד רעדן און קלוגע רייד, ווי אזוי א אידישע טאָכטער דאַרף זיך אויפפירן, וכדומה. דאָס איז איר מצוה געווען. און דער מאַן צמח האָט זיין מצוה געהאַט: אין קרוין פוילן איז געווען א צייט פון תהו ובהו, איי! מלך האָט מען אַרויסגעטריבן, דעם צווייטן — נאָך נישט אויסגעקליבן, און בין מלכא למלכא איז „איש הישר בעיניו" —איז יעדער שלאַבאַן געווען א גרענעץ, יעדער „מאַיאָנטעק"—א באַזונדער מלוכה און יעדער פריץ א קייזער, וואָס האָט זיך זיין חיל און זיינע תפיסות געהאַט. פעלן דאָך, מן הסתם, קיין שלעכ־טע פריצים, ווילדעוועז זיי — און אויסגעלאָזט האָט זיך ווי דער סדר עולם איז, צו זרע אברהם יצחק ויעקב... האָבן געליטן די ישובניקעס, די פאַכטער מיט אַרענדאַרן. פאַר א שלעכט וואָרט— שמיץ, פאַר נישט צאָלן א ראַטע צו דער צייט—תפיסה, אָנגעטאָן דיבעס און אַריינגעוואָרפן אין א נאַסער הייל מיט ווייב און קינד... האָט זיך דער צמח פאַרנומען מיט פדיון שבוים און פלעגט אַרומ־פאָרן אין די דערפער מיט א בייטל מיט רענדלעך און אויסלייזן.

איינמאָל, ווינטער צייט איז עס געווען, א גרויסער שניי אָנגע־פאַלן, פאַלט אַריין צום גביר צמח א מלמד פון א דאָרף, וואו ער האָט ביים אַרענדאַר געקנעלט, אָטעמט קוים פאַר שרעק, די אויגן קריכן אים פון אונטער'ן שטערן אַרויס, און מיט שוים איבער די ליפּן דערציילט ער, אז היינט פאַרטאָג איז מען פון פריץ באַפאַלן דעם אַרענטאַר, אָנגעטאָן דיבעס אים מיט'ן ווייב און דעם גאַנצן בני בית, פאַרנומען און אַריינגעוואָרפן אין תפיסה אַריין, און ער אַליין, דער מלמד, איז קוים אַנטלאָפן מיט'ן לעבן; מען האָט אים אויך געוואָלט פאַרנעמען, נאָר ער האָט א פענצטער אויסגע־האַקט, אַרויסגעשפּרונגען און איבער'ן פעלד אַנטלאָפן, און אָט בלוטיגט נאָך דער פוס... שיקט מען צום מלמד נאָכ'ן רופא, און צמח הייסט איינשפּאַנען דעם שליטן, וואַרפט זיך אַריין אין ביבער־פעלץ, פאַרגעסט נישט מיטצונעמען א בייטל מיט רענדלעך, זאָגט א תפלה קצרה פאַר'ן וועג און פאָרט... וואָס רעכנט ער, צמח?

דער אַרענדאַר האָט קיין ראַטע נישט באַצאָלט! פאַלט ער אַריין צום פּריץ — אַריין לאָזט מען אים, ער איז דאָך צמח, האָט עסקים מיט'ן פּריץ — לאַנג ברייען וויל ער נישט, דער אַרענדאַר מיט'ן בני בית קאָנען דערווייל געפּרווירן ווערן אין תּפיסה, דער פּראָסט קנאַקט, פאַרשמירטע שויבן! פרעגט ער נאָר יאַסני פּאַניע, וויפיל קומט פון אַרענדאַר?

שמייכלט דער פּריץ פון אונטער די וואָנצן און שלעכטע פייער־לעך שלענגלען זיך אים אין די אויגאַנעס: עס קומט אים ביים אַרענדאַר גאָר נישט.. פאַר א חוב וואָלט ער אים אין תּפיסה אַריינגעוואָרפן? אַנטפאַלט ביי צמח'ן דאָס האַרץ. פרעגט ער: יאַסני פּאַניע, ער האָט דיך באַליידיגט, א שלעכט וואָרט געזאָגט?

— וואָלט ער שוין לאַנג געהאַנגען!

— גאָרנישט,—זאָגט דער פּריץ. — נאָר איך ווייס,—זאָגט ער, —אַז איר האָט א גרויסע תּורה מיט תּרי"ג מצות און אַלע קאָנט איר נישט מקיים זיין, נעמט זיך יעדער איד צו איין מצוה, צו זיין מצוה פאַר וועלכער ער איז זיך מקריב, און מען האָט מיר דערציילט, אַז דו האָסט אויף דיר גענומען פּדיון שבוים און דו האָסט א ווייב א יפה־פיה, אַן אמת'ע יפת־תואר, שענער ווי אַלע פּריצות, וויל איך דו זאָלסט מקיים זיין פּדיון שבוים... פאַר איין שעה יחוד מיט דיין ווייב!—מאַנס זיין וועל איך זי נישט.

כאַפּט צמח און אַנטלויפט, און פאַרגעסט אָן שליטן און לויפט צופוס. לויפט ער פאַרביי פאַר'ן פּריץ'ס תּפיסה, גייען גוים מיט קאָסעס אַרום דער תּפיסה אויף דער וואַך, און פון תּפיסה הערט זיך א גרויסע יללה, און איין פּויער לעגט איבער די קאָסע פון דער רעכטער אין דער לינקער האַנט און ווישט זיך מיט'ן רעכטן אַרבל די אויגן אויס. „פּאַניע צמח,—זאָגט ער,—א ביטערער רחמנות, איין קינד איז שוין דערפּרווירן געוואָרן"...

כאַפּט עס צמח'ן אָן ביים האַרץ, לויפט ער צוריק צום פּריץ: אַז נישט מאַנס זיין, איז ער ביי גאָט אין די הענט—און דער שלי־טען איז נאָך איינגעשפּאַנט. כאַפּט אויף זיך דער פּריץ א בערן־פּעלץ, לויפט אַרויס, צמח שטרויכלט נאָך, דער פּריץ זיצט שוין אויבן־אָן, כאַפּט אָן צמח'ן, וואָס וויינערט זיך אין דער העלפט,

הויבט אים אויף ווי א קינד און זעצט אים לעבן זיך, און גיט א זעץ דעם שמייסער אין די פּלייצעס אריין: פאר! און די אָפּגע־קילטע פערד רייסן אוים מיטאמאָל און מען פארשווינדט אין א שטויב פון שניי, גלייך שדים וואָלטן געפלויגן...

געקומען, לאָזט צמח דעם פּריץ אריין אין א באזונדער חדר אריין, און גייט איבער'ן קאָרידאָר צום ווייב'ס חדר, שטייט די טיר אָפן, שטייט דאָס ווייב זיינס צווישן יתומות און רעדט מיט זיי הארציגע דיבורים און לערנט זיי. רופט ער זי ארוים און דערציילט מיט גרוים נעוויין און הארץ־ווייטאָג, וואָס עס איז געשען, און ווייזט איר אָן אויפ'ן חדר, וואו דער פּריץ ווארט אויף איר. און איידער ער הערט איר תשובה, ווערט אים, נישט פאר אייך געדאכט, נישט גוט, פאלט ער אנידער אויף א שטול און בלייבט חלשות... און אז ער כאפּט זיך אויף, פארשטייט ער נישט, וואָס דאָ איז גע־שען, וואָכ ער זיצט אין פאָדער־הויז אויף א שטול און איז אזוי מאָט און באנאָסן מיט שוויים. עפנט ער אויגן און אויערן, דער־הערט ער דעם פּריץ'ס קול פון א שטוב. דערמאָנט ער זיך אלץ מיטאמאָל, שפּרינגט אויף, לויפט צו צו דער טיר, די טיר איז פאר־מאכט; בוינט ער זיך איין, קוקט דורכ'ן לאָך פון שליסל, זעט ער, ווי זי זיצט אויף דער סאָפע, ער לעבן איר אויף א פאָטער־שטול, אויפ'ן טיש — כבוד, און ער האלט אירע הענט אין זיינע הענט, און אָט נעמט ער אירע הענט צו זיין מויל, — כאפּט צמח'ן אָן א שרעק, הויבט ער אָן לויפן איבער'ן פאָדער־הויז, לויפט ער פארביי דער שטוב, וואו די מיידלעך זיצן, די טיר איז אָפן, זעט ער גאָר, אז זיין ווייב זיצט צווישן די מיידלעך און לערנט זיי, און איר פּנים שטראלט מיט חכמה און צניעות — וואָס איז? א פארבלענדע־ניש? לויפט ער צוריק צום לאָך פון שליסל אין יענעם חדר, זיצט זי שוין איבערגעבויגן צום פּריץ, איר קאָפּ אויף זיין אקסל, און ער נעמט זי ארום און בויגט צו די יצר־הרע־פאר'שכור'טע אויגן צו'ן איר בלאס פּנים, די וואָנצן צו די ליפּן, כאפּט צמח'ן ווייטער אָן א גרויל. לויפט ער צו יענער שטוב, זיין ווייב איז פאָרט צווישן די מיידלעך, ער זעט זי באשיינפערלעך, און ער הערט איר קול און טרינקט מיט דאָרשט אירע קלוגע רייד:

— א אידישע טאָכטער, — לערנט זי די יתומות, — מוז זיין ריין, ווי א קריסטאָל, ווי א ריינקייט.

דערהערט ער אָבער א גערודער פון יענעם חדר, כאַפּט עס אים אָן און יואַרפּט אים אַהין, זי זיצט שוין איינגאַנצן אויף זיין שויס, נעמט אַרום מיט ווייסע נאַקעטע הענט זיין רויטן האַלז, און מויל נענענט זיך צו מויל, ליפּן — צו ליפּן, אַז עס קלינגט... פּאַקט עס אים, ווי א שגעון, לויפט ער צוריק, דערהערט ער שוין אויפ'ן וועג איר זיס־קלינגענדיג קול פון דער שפּיגל־שטוב אַרויס:

— א אידישע טאָכטער דאַרף זיין שטיל, ווי א טויב, און ריין, ווי א שפּיגל אָן א הויך... פאַרדרייט זיך שוין דעם אָרימען צמח אין קאָפּ, פאַלט ער, א שוויים־באַגאָסענער, אויף דעם שטול און פאַרגעסט זיך איינגאַנצן...

און אַז די שעה פון יחוד איז אַריבער, כאַפּט ער זיך פון זיך אַליין אויף. דער פּריץ גייט אַרויס פון פּאָדער־הויז, ער זעט נאָך זיין רויטן קאַרק אין טיר. ווי ער פאַרשווינדט, דערמאָנט ער זיך אַלץ, ווייל אויפשפּרינגען, קומט אָבער זיין ווייב, זיס און צניעות'־דיג־שטראַלנדיג, פון שפּיגל־שטוב אַרויס, גייט צו אים שטיל צו, לעגט די האַנט אויף זיין שטערן און זאָגט אים:

— אין זכות פון פּדיון שבוים!

ענטפערט ער איר:

— אין זכות וואָס דו לערנסט די יתומות...

ער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז געוועןְ א סיעתא דשמיא— אויפ'ן יצר'הרע'דיגן פּריץ א פאַרבלענדעניש.—

---

# לבנה־פּערל און אַלטוואַרג

אַמאָל איז געווען אַ „בת־מלכּה"...

איך וויל אייך אָבער נישט נאַרן; עס איז קיין עכטע בת־מלכּה נישט געווען...

דער פאָטער, אויב ער איז זיכער, איז אַ פּאַר׳מרה־שחורה׳טער שוסטער געווען, די מוטער — אַ מאַרק־אידענע, וואָס האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן... נאָר אויגן האָט זי געהאַט פון אַ בת־מלכּה, מען האָט זיך טועה געווען...

און פאַרליבט אין די אויגן האָבן זיך צוויי אָרימע יונגע לייט, זיי האָבן זי פאַר אַ ווירקלעכע בת־מלכּה געהאַלטן, און ביידע, כאָטש יעדערער באַזונדער, האָבן געזאָגט: „זי, אָדער—אַ שטריק אויפ׳ן האַלז", די אייגענע ווערטער, כאָטש איינער האָט פון צווייטן נישט געוואוסט, זיי האָבן זי גאָר אפשר נישט געקענט.

און ביידע, כאָטש יעדערער באַזונדער, האָבן זיך באַשלאָסן די בת־מלכּה צו באַקומען.

נאָר ווי אַזוי?

מען נייט דאָך נישט צו קיין בת־מלכּה — בפרט, ווי זיי האָבן געמיינט, צו אַן אמת׳ער, מיט ליידיגע הענט, האָבן זיי ביידע אָנגעהויבן צו זוכן מיטלען, מיט וואָס נושא־חן צו זיין אין אירע אויגן.

און ביידע האָבן געזוכט, נאָר יעדערער אויף זיין אופן:

איינער האָט אָנגעהויבן אַרומגיין גאַנצע טעג מיט די אויגן אַראָפּ, דער צווייטער גאַנצע נעכט—מיט די אויגן אַרויף.

דער „מיט די אויגן אַרויף" איז געווען אַ ראָמאַנטישע נאַטור: ער האָט זיין גליק נישט געוואָלט אויפהויבן פון מיסט אין גאַס. ער האָט זיין גליק אין הימל געזוכט; דערהויפּט — אין אויסגעשטערנטע, לייטזעליג־פאַרחלום׳טע נעכט...

און גאַנצע נעכט האָט ער אונטער דער שטאָט, און וואַלד, אין פעלד, צי ביים טייכל פאַרבערענגט אָדער אָפּגעשטאַנען ביים קליינעם פענצטערל אין דאַך־שטיבל ביי זיך, און אַלץ מיט די אויגן אין דער הויך, אַלץ צום הימל אַרויף, צו דער בלאָער הויך, צו לבנה און שטערן. מיט האַרציג־פּייכטע אויגן האָט ער זיך פאַר זיי אויף זיין מזל געקלאָגט, מיט ציטערדיגע ליפּן פון זיין ליבע דערציילט און אַלץ אין איינעם געבעטן זיך: שענקט מיר, הימלשע לייט, פון אייערע גוטע זאַכן עפּעס רייכס און גוטס פאַר אַ מתנה פאַר דער שיינער בת־מלכה; זאָל איך נושא חן זיין אין אירע אויגן, זאָל זיך איר האַרץ ווענדן צו מיר, זאָל זי מיר איר ליבע שענקען, ווארום אַניט, וואָס איז מיין לעבן ווערט?

דער ערשטער אָבער, דער „מיט די אויגן אַראָפּ", האָט אַנדערש געטאָן! ער ווייסט, אַז עס וואַלגערן זיך אַרום אויף דער ערד אַלערליי אָוועקגעוואָרפענע און פאַרלוירענע זאַכן. מען וואַרפט אַרויס פון אַ הויז אַ שטיקל אַלטוואַרג; עס גליטשט זיך אויס פון אַ האַנט אַ צו־גלאַטער גראָשן; אַ פערד פאַרלירט אַמאָל אַ פּאָדקאָווע; עס וואַלגערן זיך אויסגעקרימטע נעגל, עס טרעפן זיך אַמאָל אויך כשר׳ע מציאות — און אַז מען האָט געדולד און אַ גוט אויג, און מען קלויבט לאַנג, קאָן מען צו עפּעס קומען: פון גאָר נישט מיט גאָרנישט ווערט עפּעס, פון עפּעס און עפּעס — אַ פּאָר גראָשן; און די גרעסטע פאַרמעגנס באַשטייען אויך גאָר פון גראָשן, — און ביי׳ן אַ פאַרמעגן ווערן בת־מלכה׳ס הערצער ווייך ווי אַ וואַקס...

הויבט ער אָן זוכן אין גאַס...

דאָס זיינען געווען די צוויי אופנים פון די צוויי ליבהאָבער...

און פון וועלכן זאָל איך אייך דערציילן פריער? אין גאַס, אין געשעפט, ווען איר זוכט שידוכים פאַר אייערע טעכטער, זענט איר, געוויס, פּראַקטישע מענטשן, איז דער „מיט די אויגן אַראָפּ" וואָלט אייך מער אינטערעסירט; צווישן טאָג און נאַכט אָבער,

ווען איר נעמט אייך צום לייענען, ווערט איר סאַמע רוחניות, סאַמע נשמה, און; אייער מיטגעפיל איז אודאי אויף דער זייט פון דעם „מיט די אויגן אַרויף", לאָז איך איבער, אויף אַ ווײַלע, דעם „מיט די אויגן אַראָפּ" און וועל אייך פריער דערציילן, ווי אַזוי עס איז געגאַנגען דעם פון „די אויגן אַרויף"...

ער קוקט אין הימל אַריין, און ער האָט אַזוי לאַנג געקוקט און געקוקט, און געקלאָגט זיך אַזוי האַרציג אויף זײַן מזל, און אַזוי רירנדיג דערציילט פון זײַן אָרים לעבן און רייכער ליבע; ער האָט אַזוי פיל שיינע און האַרציגע ווערטער געהאַט פאַר זײַן איינזאַמקייט, בענקשאַפט און דעם פלאַם, וואָס ברענט אים אין האַרצן,— ביז די גוטע שטערנדלעך מיט די קינדעריש־ריינע הערצעלעך האָבן אויף אים אַ רחמנות באַקומען, און נעמיט זיך פאַר אים ביי דער קאַלטער לבנה! — נישט איין שטערנדל, האָט געזאָגט, אַז עס גייט אויס פאַר צער! — אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט ביז די לבנה האָט אויך אויף אים רחמנות באַקומען, און איינמאָל אין אַ שיינעם העלן ענדע נאַכט, עס האָט נאָר וואָס געלאָזט אָנהויבן גראָען דער טאָג, האָט זי אויף אים אַ לייטזעליג אויג געוואָרפן און אין דאַך־שטיבל אַריין, דורכ'ן קליינעם פענצטער, אויף אַ לאַנגער זילבערנער שטראַל —נישט מער און נישט ווענינער, נאָר אַ שנירל לבנה־פּערל דער־לאַנגט!

דער אָרים־בחור ווערט שיר נישט משוגע פאַר פרייד, און כאַפּט תיכף ומיד, און לויפט צו דער בת־מלכה און קלאַפּט אָן אין טיר.

— ווער איז דאָרט? — הערט זיך דער בת־מלכה'ס זיס קול, נאָר אַ ביסל פאַרשלאָפן און דערשראָקן — ווער וועקט עס מיך פון שלאָף? ווער האָט מיר מיינע שיינע טויבן, די געפליגלטע חלומות פאַריאָגט?—

— איך! איך! — ענטפערט ער מיט אַ פאַרציטערט קול, — בת מלכה! איך האָב דיר אַ הימלישע מתנה געבראַכט, אַזוינע, וואָס קיין שררה שענקט זײַן ווייב, און אפילו זײַן געליבטער נישט, וואָס יענע האָבן אין זייערע אוצרות נישט, וואָס די וועלט, די גאַנצע וועלט פאַרמאָגט נישט, און איך האָב פון הימל באַקומען און איך פאַרלאַנג דיין ליבע דערפאַר...

„פון הימל?" וואונדערט זיך די בת־מלכה און שפרינגט אראפ פון בעט און שליסט אויף די טיר און עפנט א שמאלע שפארע, און שטעקט ארויס די ווייסע מארמארנע האנט נאך דער מתנה.

און אז דער יונגערמאן דערמאנט נאך אמאל זיין באדינג, הייסט זי אים קומען פארנאכט אז די זון וועט אונטערניין נאך א תשובה...

איז ער, דער ליבהאבער מיט די אויגן ארויף, דערפרייט געווארן און איז זינגענדיג און אונטערטאנצנדיג פון שטאט ארויס, צום פעלד, צום טייך, צום וואלד. אין די אויגן—די ווייסע מארמארנע האנט, אין אויער — דאס זיסע קול... ער לויפט. די זאנגען אין פעלד, דאכט זיך אים, ווינטשן אים גליק, דאס טייכל רוישט: מזל־טוב! מזל־טוב! די בוימער שאקלען צו מיט די קעפ: יא, יא, עס קומט דיר, דו לבנה־פריינט! און די פויגל, די באזינגען אים שוין די כלה...

נישט געגעסן און נישט געטרונקען, איז ער אזוי, זינגענדיג און טאנצנדיג, ארומגעלאפן הינטער דער שטאט. נאר אט לאזט זיך די פלאמענדיגע זון אראפ, ווייכע קילע שאטן לעגן זיך איבער טייך און פעלד, די בוימער־שטאמען גילדטן זיך, א שטיל ווינטל צעלאזט די פליגל און עפעס אן אויסטערלישער פויגל קלאפט מיט'ן שנאבל אין בוים אריין, און רופט: ציים! ציים! און ער לויפט אין שטאט אריין נאך א תשובה...

ער קלאפט נאכאמאל אין בת־מלכה'ס טיר, נאר שוין זיכערער.

— ווער איז דארט? — פרעגט די בת־מלכה שארף און אומגעדולדיג.

— איך, דער וואס האט דיר פון דער לבנה'ס פערל געבראכט —נאך א תשובה בין איך געקומען...

און עס הערן זיך לייכטע טריט, און אויף א שמאלער שפארע עפנט זיך נאכאמאל די טיר, און ווי אין דער פרי שטעקט זיך אן אלעבאסטער־האנט, נאר שוין נישט קיין נאקעטע, ארויס...

— „איך האב דיינע פערל צו אלע גאלדשמידן געטראגן— קיינער וויל זיי אין האנט אריין נישט נעמען: נישט קויפן, נישט טוישן... עפעס פרעמדע שטיינדלעך, זאגן זיי, נאר דא אן א ווערט, איך בין אין א שניט־קראם געלאפן, געוואלט כאטש א ציצן קליידל

דערפאר—מען האָט מיך אויסגעלאכט. מיד און הונגעריג בין איך צו א שפייז־געוועלבל געקומען, און האָב פאַר'ן גאַנצן שנירל לבנה־פּערל א קליין שטיקל קעז געבעטן, האָט מען מיך, ווי א ווילד־משוגענע, ארויסגעטריבן".—

און די מאַרמאָרנע האַנט וואַרפט אים די פערל צו די פיס און ציט זיך צוריק און פאַרוואַרפט די טיר, און הייזעריג דרייט זיך איבער דער שליסל אין שלאָס...

---

נאָך אַנדערש איז צוגעגאַנגען מיט'ן צווייטן, מיט דעם פון „די אוינן אַרבּ".

ער האָט געקליבן און געקליבן : טעג, חדשים, יאָרן...

א קורצע צייט ארום, אז ער האָט שוין א פולע קאַמער שטיק־לעך און אַלטוואַרג געהאַט, האָט עס א גייער פאַר קליין־געלט אָפּ־געקויפט, דער „קלויבער" האָט דאָס געלט אין א שפּאָר־קאַסע גע־לעגט און ווייטער געקליבן און ווייטער פאַרקויפט... אַמאָל האָט זיך אים אויך א כשר'ע מציאה געטראָפן... אז מען זוכט, געפינט מען ; גאָט העלפט... פון גאָרנישט מיט גאָרנישט ווערט עפּעס, פון עפּעס און עפּעס — א דרייער און ווי געזאָגט, דאָס גרעסטע פאַרמעגן באַשטייט פון דרייער. איז ער טאַקע צו א פאַרמעגן גע־קומען, צו כבוד אויך. אָנפאַנגס האָט מען זיך פון אים אָפּגע־רוקט : א מענטש זוכט אין דער בלאָטע !... דערנאָך גוטיג צע־שמייכלט... שפּעטער — ערנסט באַטראַכט, און נאָך דערנאָך, אז ער איז שוין רייך געוואָרן, באַוואונדערט און פאַר א מוסטער גע־שטעלט !...

און אז ער איז שוין רייך געוואָרן, האָט ער זיך א פּאַלאַץ גע־קויפט ביי'ן א שררה'ס א געליבטער, אַלט נאָך גרויסאַרטיג מעבל אָפּגעהאַנדלט און דאָס פּאַלאַצל אויסגעצירט ; אין דער שענסטער שטוב האָט ער א גאָלדן בעט, מיט אַטלאַס און סאַמעטן בעטגע־וואַנט געשטעלט און האָט פון פּאַלאַץ דעם גאָלדענעם שליסל גע־נומען און איז צו דער בת־מלכה געגאַנגען און געפרעגט זי, צי

ווײַל זי מיט אים צוזאַמען וואוינען אין פּאַלאַץ און שלאָפן אין גאָל־דענעם בעט? און זי האָט געענטפערט: יאָ.

און אין חופּה־טאָג איז ביי דער אָרימער סעודה, דער „מיט די אויגן אַרויף" צווישן די אָרימע לייט געזעסן און געגעסן און מיט שלעכטע בראָנפן זיך אָנגע'שכור'ט... און ביינאַכט, אַז מען האָט דאָס פּאָר פּאָלק לעגן געפירט, איז ער אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין און—האָט זיך אויפ'ן ערשטן בעסטן בוים,—אויפגעהאַנגען...

# צוריק אין דער אַלטער היים

.1

קענסטו דאָס אָרט, וואו חלומות בליען, ווי רויזן,
וואו די שטערן טריפן סודות אַריין אין דער נאַכט;
וואו העלע געזיכטער מיט שטראַלנדיגע אויגן
שפּינען ליבלעכע נעצן אַרום דער נשמה,
אַרום האַרץ?

וואו דער טאָג־געררויש ווערט איינגעזאַפּט מיט פרייד,
און ליב און באַקאַנט איז יעדע מויער, יעדער שטיין,
און יעדער שאָטן, וואָס בויגט זיך אַרוים
צווישן טאָג און נאַכט פון יעדעם שפּאַלט
דערציילט זיס־שווידערהאַפטע זאַכן
אַזוי ליב?

דאָס איז די היים,
די אַלטע היים.

.2

אומשולדיג־שטיל־היימישע נאַכט,
כ׳וויל מיך וואַשן ריין
אין דיינע שטיל־ציטערדיגע כוואַליעס?
אין דיין שטיל־ציטעריגער זילבער־נעץ,
היל מיך איין.
כ׳וויל צוריק זיין דיין אַמאָליג קינד
דיין אַמאָליג ריין־גלויביג קינד —
דערצייל עפּעס, דערצייל...

.3

דאָ בין איך, מאַמע,
צוריק דיין קינד,
דיין דיין, אומשולדיג, גלויביג קינד—
כ'וויל פאַרגעסן די גאַנצע צייט
פון אָפּגעריסנקייט פון דיר—

אונטער דיין טיר
האָב איך זי געלאָזן...
אין דיין שוים, מאַמע, וויל איך אַלץ פאַרגעסן:
די בלומען, וואָס האָבן פאַרבליט,
די דערנער, וואָס האָבן געשטאָכן...
די שלאַכטן, וואו איך האָב געזיגט
און די וואונדן, וואָס בלוטיגן, בלוטיגן...

ניין,
עס טוט נאָר נישט, גאָר נישט וויי...
אויף מיין קאָפּ ליגט דיין האַנט, און ער טוט נישט וויי...
ניין, ער איז נישט גראָ...
קרייזל מיר די לאָקן, מאַמע...
שוואַרצע לאָקן האָב איך, זעסט?
און די רויטע בעקלעך בליען,
און ווי קליין איך בין,
און ווי ריין מיין שטימע קלינגט—
א זילבער־גלעקל, וואָס?

.4

געשלאָסן אויפ'ן אַלטן, מעכטיגן שלאָס,
איז דער געשמידטער אייזן־טויער פון שול.
אויף געבלענדטע, האַלב־קיילעכדיג גרויסע שפּאַקולן
קוקט זי מיט א שווערן אומעט
אין דער נאַכט אריין.
פאַרשטומט די קינדער־פרייד,

די רווישנדיגע שוואַלבן־שאַר,
וואָס שלאָגט זיך גאַנצע טעג
אין די אַלטע, גרין־פאַרגאָלדטע שויבן־שטיקער,
און פּלאָנטעט זיך אין רעגנבויגן־פאַרביגן שפּינוועבס,
רוען אין די נעסטן,
איינגעהילט אין שאָטן...
די שול איז מיט מתים פאַרנומען,
מיט מתים פון מיין צייט און נעשלעכט...

.5

אין דער שטילער נאַכט
גיי איך איינער אַליין
אויפ'ן אַלטן מאַרק אַרום.

ניין, נישט אַליין!
עס גייט מיין גאַנץ געשלעכט...
שאָטן רירן מיך אָן,
ווישנדיג זיך אָן מיינע קליידער
פון פאָרנט און פון הינטן,
און פון יעדער זייט.

עס גייט מיט מיר מיין גאַנץ געשלעכט...
און אַלץ, וואָס עס האָט איבערגעלעבט
פלאַטערט און שוועבט
אַרום אין דער לופט, ווי שאָטן
פון לאַנג איינגעפאַלענע מויערן,
וואָס האָבן זיך פאַרבלאָנקעט און פאַרוויקלט
און ציטערן אויסער דער צייט...

— — — — — — — — — — — — — —

אַן עולם גייט...
א גרויסער, פרייליכער עולם:
בענדער, העל־פאַרביג־לוסטיגע קליידער — —
גלאַנצנדיגע קליידער טראָגן זיי, די מענער,

אטלאס, זייד, שפּאָגל נייע קליידער — —
בענדער, העל־פארביג־גלוסטיגע בענדער
איבער ווייבער־קעפּ!
פון אונטער ברעמען, שפּראָצן, שפּריצן
בליקן שטראַלנדיג־פרישע...

רויטע פאָנען טראָגן פרייד־געוויטלטע קינדער—
היינט איז — שמחת תורה!

ביי מיר, אין פארבאָרגענעם
הייליגן ווינקל, אין הארץ,
אין קינדערישן קדשי־קדשים,
בליט דאָס הייליגע גליק
מיט הייליגן וויי־רויך לייכט פארנעפּלט...

כ'זע!
צעפּלאָסן גאָלד, א שטראָם צעפּלאָסן גאָלד
זיינען אירע לאָקן — —
פאר אירע בליקן בלייכן זיך די פלאמען
פון פאַקעל און הבדלות —
ווי א פלאַמענדיגער מאָן אין פעלד
איבער אַלע זאנגען שיסט
מיין ליב ארויס,
איבער אַלע קעפּ!

— — — — — — — — — — — — — — —

.7

ע, ניין, כלי־זמר, שפּילן,
עטוואָס וואַקלט זיך דער עולם—
פורים־שפּילער, שטעלצן־גייער,
אַלערליי שלח־מנות טרעגער
ווימלען רעכטס און לינקס.

הער, איננעלע,
שטעל דיך, אָרים איננעלע
פון אחשורוש שפּיל!
נאָ דיר, נאָ, א צענערל,
טרעט מיר נאָר דיין מאַסקע אָפּ
מיט דער רויטער נאָז...

— דאָס בין איך, מלכה'לע,
שרעק זיך נישט...
נענען דיך נאָר,
זע, ווי גוט איך שפּיל...

— — — — — — — — — — — — — —

.8

עס מישן זיך די שאָטן דורך...
אַך, ווי שטיל דער עולם טרעט,
ווי נייסטערהאפט עס קלינגט:
צדקה תציל ממות...

וויין נישט, קינד...
זע, איך וועל דיר טאַטע זיין,
מאַמע זיין...

.9

שטיל האָט דורכגעשוועבט די נאַכט,
און שוועבנדיג,
א פענצטער נאָך א פענצטער פארלאָשן...

א פאר'חלום'ט זילבער־גרוי
שוועבט, קוים־קוים הערעוודיג,
איבער'ן סקוועד...
אין די צווייגן
האָבן די מידע פויגעלעך
די קעפּלעך אונטער די פליגל

באהאלטן...
טס...
יעדעס אָרים גרעזל האָט זיין שלאָפנעטראַנק באַקומען --
זיין טראָפּן טוי...

אין פארחלום׳ט זילבער־גרוי
טריפט די לבנה שטיל
איר ליכט אריין...

אויף פייכטע, שטילע אָוונט־פּלינל
שווימען די זכרונות אָן:
קינדער־טעג,
נעפּלדיגע קינדער־שאָטן.

.10

ביזט אליין?
אין דער פינצטער אליין?
איך האָב עס געוואוסט,
און דעריבער געקומען.

צינד נישט אָן קיין ליכט...
ניין, ניין!
זע מיך נישט, און גלויב,
אז איך בין דער זעלבער—
וואָס אמאָל...

נישט גערונצלט איז דער שטערן,
גראָ—איז קיין איינציגער האָר...
און דאָס הארץ איז ווי א מאָל—

זיי דו אויך אזוי...
דו ביזט אזוי? וואָס, ניין?
דאָ,
וואו מיר זיינען אמאָל געזעסן,

און צום לעצטן מאָל...
גיב מיר דיין האַנט,
דיין ווייסע שמאָלע האַנט...

דו רויטלסט זיך?
איך זע נישט, קינד,
פילן פיל איך עס...
און—וואָס קלאַפּט אזוי?
שלאָגט אַ זייגער וואו?
פּיקט אַ פויגעלע אָן שטייג?
אָדער דיין הארץ שלאָגט?
אָדער — מ י י נ ס?

.11

אין שאָטן פון אַלטן הויז,
שטייט אַן אַלטע באַנק...
איך זיץ, זי — לעבן מיר.
איר ווייס קלייד בליצט מיר פאר די אויגן.
דער הייסער מאָן אין די שווארצע האָר...
און, ווי פון ווייטע, ווייטע וועלטן,
איר שטימע קלינגט:
—„איך וועל שוין לאַנג נישט לעבן...”
און אויף מיין האַנט טריפט
א טרער נאָך א טרער...

— — — — — — — — — — — — — — —

.12

זייט געזונט!
טרוימען רופט מען נישט צוריק...
און פארהילכט א טאָן,
קען ער נישט איבערקלינגען...
צוויי מאָל פליט דער זעלבער שאָטן נישט אדורך!...

———————

# טרויער

1.

זיסע נאַכטיגאַל, נאָך וואָס ?
נאָך וואָס זינגסטו ?
וועמען קלינגסטו
פון קליינעם האַרץ אַרויס, וואָס גליט,
דיין ליבעס־ליד, דיין לעבנס־ליד ?—
נאָך וואָס ?
פאַר וועמען גיסטו דיינע טרעלן ?
פאַר'ן נידריג־שטומען גראָז,
פאַר די נוסס'דיגע בלעטער,
טויבע מענטשן, שטאָלצע געטער ?
וועמען שענקסטו דיינע פּערל,
דיינע טרעלן ?

2.

און דו, וואַסער, נאָך וואָס קוועלן ?
וועמען ניצט דיין ווילדער טאַנץ
אין אָוונט־גלאַנץ,
איבער שטיין און ביין ?

נאָך וואָס נעקן ?
נאָך וואָס וועקן ?
נאָך וואָס רוישן, איבערשרעקן
וואַלד און טאָל
און דאָס מידע גראָז ?

און דו, שטיל־באהאלטענע פלאנץ,
פלאנץ אָן נאָמען,
פלאנץ אָן קראפט,
נאקעט און גאָל...

וועמען טויג דיין גאנץ באמיען,
נאָך וואָס ציען
פון דער ערד ארוים דעם זאפט
און פארשפרייטן זאָמען?

.3

אין דער בלאָער שטילער הויך,
פון ליבעס־קוואל און לעבנס־קוואל
ציטערט בלייך
א הימליש אויג —
און עס ציטערט, און עס שוועבט,
און עס פליסט, און שפינט, און וועבט
פון הארץ ארויס א גאָלדענער שטראל — —
מען האָט דערפון א סך?
פון דעם אלעם וועט נישט זיין —
אויף א הייזל — ניט א שטיין!
און קיין שינדל אויף א דאך!
פאר דעם, וואָס וואנדערט אין דער פרעמד,
אָפּגעמאטערט, נאקעט און גאָל!
און קיין פאָדים אויף א העמד.
אויף תכריכים נישט צו מאָל!
און קיין קערנדל אויף ברויט,
קיין ארבעס־שויט!

.4

ציטער, זיסע פלאנצן־שוים!
פלאָם און פלאטער, ווילדע רויז!

נאָר אייל דיך, אייל!
עס שטעקט זיך שוין א האנט ארויס
דיך אָפּצופּליקן!

זילבער־גלעקל, טייכל־מיין!
וואָס טאַנצסטו אין אָוונט־גלאַנץ אליין...
זינג נאָר, קלינג נאָר, און דערצייל
אַלע סודות, וואָס דו האָסט —
נאָר געשווינד!
עס נייט דער ווינט,
ער אָטעמט קעלט, ער הויכט מיט פראָסט
ער וועט דיך דערשטיקן!

פּאַרזיי וויפיל גאָלד דו האָסט,
שטערנדל־ריין, שטערנדל־פיין,
אין גאָלדענעם הארץ!
נאָר היט דיך, היט,
א וואָלקן ציט,
גרימיג־שווארץ
און שלינגט דיך איין—
און א סוף פון אַלע גליקן!

.5

נאכט, א הוילער בוים אין פעלד,
איינזאם, שטום און בלינד!
און א קלאָג־ליד אויף דער וועלט
בלאָזט אויף אים דער ווינט!
און אויפ'ן בוים א שווארצע קראָ,
זיצט און לאַכט,
און דאָס אַלץ זאפּט אין זיך איין
די גראָע נאכט!

---

